


אבאנאמענטס-פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב-יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל-יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס-צייטונג“
נור 5 רובל יעהרליך, האלב-יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל-יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство „ТУШІЯ“
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.

## א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ-אבטהיילונג: מ. ספעקטאר.

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט: ד״ר ה. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס-בילדונג“.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . 3.75 „
פירטעל-יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר 6. שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס-צייטונג“
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20. מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך
און פירטעליעהרליך לויט דיזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך-אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Krakauergasse 12.

Krakau, 23 Juli 1902. Nr. 4 קראקוי, י״ח תמוז תרס״ב.

## אינהאלט:



## א בריעף פון א דאקטאר.

מיר יודישע דאקטוירים, וועלכע זענען נאהענט צום פאלק, האבען מיט פערגעניגען, געלייענט די ידיעה, אז איהר גיט ארויס א צייטונג פאר אלע קלאסען יודען.

אזוינע צייטונגען זענען פאר אונז יודישע דאקטוירים די בעסטע מיטלען, מיר זאלען קענען, זיך אפט דורכשמועסען מיט אונזער פאלק, בפרט מיט דער יודישער פרוי און מוטער, איבער אלע געלעגענהייטען, וואס זענען שייך צום מענשענ׳ס געזונד.

קודם כל, זעהען מיר, אז אונזער פאלק, און די געבילדעטערע קלאסען אפילו, ווילען פון א דאקטאר נור איין זאך: א רעצעפט.
די אמונה אין רעצעפטען איז אזוי גרויס, אז דער דאקטאר זאל

נאר איין מאל פּרוּוען ניט געבען קיין רעצעפּט, ווייל ער רעכענט — אז דער חולה קען געזונד ווערען דורך אנדערע היגיעניש מיטעל, למשל, דורך ריינע לופט, דורך וואסער קוראציע, דורך א גוטע דיעט, א. ד. ג. אדער ווייל ער רעכענט, אז דער חולה האט שוין פיעל רפואות איינגענומען, אונ נייע רעצעפּטען קענען איהם שאדען, — קוים פּרובט זיך דער דאקטאר אויסקומען אהן רפואות, אזוי וועט מען שוין דעם איינגענעם דאקטאר מעהר ניט רופען, מען וועט נאך אויסבאטלען אויף איהם אלע בעזע חלומות אונ מען וועט איהם נאך מאכען א שם־רע אין שטאדט פאר א „לא־יוצלח"...

עס טרעפט אפט, אז מען וויל אזא דאקטאר, פאר דעם וויזיט אויך ניט בעצאהלען. מישטעהנס געזאגט: פאר וואס קומט אזא דאקטאר צו צאהלען, וואס גיט קיין רעצעפּט ניט? אונ פארקעהרט, וואס דער רעצעפּט איז לענגער, (די קונסט צו שרייבען כפול־שמונה'דיגע רעצעפּטען, לאנג ווי דער יודישער גלות—בעזיטצען איבערהויפּט די דאקטוירים פון דער פּראווינץ, ווייל דאס פּראסטע פאלק האט ליעב לאנגע רעצעפּטען) איז אלץ בעסער, אזוי שטארק איז ביי אונז יודען די אמונה אין אזא רעצעפּטען שרייבער...

אונ נאך א מעלה זוכט דער יוד אין יעדען רעצעפּט: עס זאל קאסטען טייער, זאל חס ושלום א רפואה קאסטען ביליג, מסתמא קען זי ווייניג העלפען.

דערפאר האבען טאקי ביי אונז, יודען, קיין ווערטה ניט אלע עצות, וואס קאסטען קיין געלד נישט. למשל: הייסט א דאקטאר געהן שפּאצירען, אטהעמען ריינע לופט, אזוי פערלירט דער יוד די אמונה אין אזא בחנם'דיגע רפואה. באמת: וואס קאן שוין העלפען פרישע לופט, אז דאס קאסט איין קאפּיקע ניט?

אונ ווען דער דאקטאר גיט שוין קיינע רפואות פון אפּטעהק, מוז ער חאטש געבען א זעלכע מיני מיטעל, וואס קאסטען טייער. למשל: ער מוז פערשרייבען א נסיעה אין „אויסלאנד" דאמאלס וועט זיך דער ארעמסטער בעל־הבית, אדער די בעל־הבית'טע מוסר נפש זיין, פערקויפען ממש די בעט־געוואנד, אבי פאהרען אויף א פּאר חדשים „קיין אויסלאנד", דאס איז טאקי א טייערע עצה, וואס קאסט עטליכע הונדערט רובל, מסתמא וועט שוין דאס העלפען.

אונ קומט מיר נאך ווייטער, וועט איהר זעהען נאך מעהר, ווי גרויס אונ וויכטיג איז ביי אונזער פאלק, אלעס וואס קאסט טייער. וואס האט נור א שטיקעל בלאסר פון גאלד: איז דער דאקטאר עולה רגל צום קראנקען, האט ער גאר ווייניג חשיבות ביי דעם חולה, ווערט דער קראנקער נאך א פּאר טעג ניט געזונד, שמועסט מען שוין מיט דעם דאקטאר וועגען א קאנסיליום. אונ זאל דער עולה רגל'דיגער דאקטאר אנווייזען, אז מען דארף האבען געדולד, מען קאן די קראנקהייט אנדערש ניט קורירען, אפילו אז זאלען זיך צו נויף קלייבען אלע פּראפעסארען פון דער וועלט, וועט די פאמיליע פון דעם קראנקען שטארק ניט צופריעדען זיין פון אזוינע דבורים. כל זמן א דאקטאר מיט א פּאר גוטע פערד, מיט א קוטשער אונ מיט דעם גאנצען קנאק וועט ניט צו פאהרען צו זייער הויז, זענען זיי ניט יוצא. אונ ווען דער דאקטאר מיט א גוטע פּאר פערד, וועט שוין געבען זיין רעצעפּט, וועט שוין די רפואה ממילא קומען.

איך וויל, אז די לעזעריגען זאלען מיך ניט פארשטעהען שלעכט. איך האב אויבען גערעדט איבער דער שטארקער ליעבע פון אחינו בני ישראל צו רעצעפּטען. דאמיט וויל איך ניט זאגען, אז אלע רעצעפּטען זענען גאר נישט ווערט, ווארום געוויס זענען דא טייערע

---

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

א ראמאן אין צוויי טייל

פון

### שלום-עליכם

(פארטזעטצונג).

### II.

### יאמפּעלי ברעכט זיך דעם מח.

גאט האט צוגעשיקט פאר יאמפּעלי א רעכט שטיקעל ארבייט: געה זיי א נביא אונ טרעף ווער איז דאס פּארל, אז זאגען זאגען זיי ניט, געהן געהען זיי ניט אין ערגיץ, אונ פאדערען גאר נישט, אונ בעדארפען גאר נישט, א חוץ צוויי מאל אין טאג דעם סאמאוואר, איין מאל אין טאג עסען אונ א מאל א שטיקעל לעכט אין נומער ארייין אונ ווייטער גאר נישט.

נחמיה דער בעל־עגלה, וויפיל רב אלי האט איהם נישט גע־מוטשעט, ער זאל איהם זאגען ווער אונ וואס, איין אייזערנע וואנט! „ער ווייסט ניט" זאגט ער אונ גענוג... רב אלי האט זיך געפּרובט וויפיל מאל ארייינקומען צו זיי, לאזען זיי ניט, זיי האלטען צוגעשלאסען די טיר, אונ אט אזוי זיצען זיי אפּ גאנצע טעג. קומט אויף דער נאכט, דעמאלט ווען אלע יאמפּעלער יודען האלטען שוין נאך וועטשערע אונ רעכענען שוין געהן שלאפען, דעמאלט חאפּט זיך ארויס דאס פארפאלק פונ'ם נומער אונ געהען אויפ'ן שפּאציר העט ווייט אונטערען שטאדט אויפ'ן פרייהען פעלד — ריינע משוגעים!

— זעהט נאר רב אלי, זיי זאלען זיך ביי אייך ניט אנעסען אונ אנטרינקען אונ אוועקפאהרען אהן „אזוי געזונד" אפילו.

אזוי האבען יאמפּעלער יודען געזאגט רב אלי'ן אונ געגעבען איין עצה, ער זאל זיך הייסען בעצאהלען.

— עט נו — האט זיי רב אלי בארד אפּגעענטפערט — איך האב דערפאר קיין מורא ניט; דאס זענען נישט אזעלכע לייט, ס'איז נישט קיין הונגעריגע אקטיארען.

— וואס זשע פּארט איז דאס פאר איין עובדא, מענשען קומען צופאהרען אין א שטאדט אהן א שום געשעפּט, זיצען גאנצע טעג פער־שלאסען אונ קומט ביי נאכט געהט מען מאכען א שפּאציר מיט דער לבנה. זעהט נאר, רב אלי, ס'איז נישט גלאט. קוקט זיך נאר צו, אפשר קאכט זיך ביי זיי ספּירט אהן אקציז, וכדומה אזעלכע זאכען? איהר קאנט נאך האבען אויף זיך נאכדעם א פּעקיל, רב אלי, פאלגט וואס מען זאגט אייך, קוקט אייך גוט צו...

יאמפּעלער יודען האבען ניט געוואלט ווארטען ביז רב אלי וועט זיך אמאל ארומקוקען. זיי האבען זיך מישב געווען אונ האבען אליין א פּאר מאל אונטערגעגנבעט זיך אונטער די פענסטער, געוואלט חאפּען א קוק אין זאל אריין, זענען אבער געווען אראפּגעלאזט די פאהר היינגלעך, איז מען נעבאך אוועק מיט א נאז.

אונ יאמפּעלי האט געפּסקעט, אז דאס בעדארפען זיין אדער צוויי

רעצעפטען, וואס זענען ממש א פקוח נפש, איך בין נאר געגען דעם מנהג וואס יודען ווילען זיך קורירען נאר דורך רעצעפטען. איך בין געגען דעם, וואס דער עולם שרייט כמעט תמיד דעם דאקטאר „נעפרעמיענא רעצעפט פאדאוואי"!

דורך דעם איז דער דאקטאר גיט פריי אין זיין קורירען דעם קראנקען אונ ער מוז געבען רפואות, אויך דאן, ווען מען ברויכט עס נישט — דאס איז עס טאקי זעהר שעדליך פאר דעם דאקטאר אונ נאך מעהר פאר דעם חולה.

דאס צווייטע אומגליק וואס קומט ארויס פון דער יודישער אמונה אין רפואות בעשטעהט אין דעם, וואס יעדער יוד שעצט נים אלערליי היגיענישע מיטעל, וואס זיי זענען באמת זעהר וויכטיג פיר די געזונדהייט.

דער דאקטאר, וועלכער פערשטעהט גוט זיין זאך, לעגט דעם גאנצען ווערט פון זיין היילען מעהר אויף די היגיענישע מיטעל. אגב, דענקט ער זיך אפט, וועט ער דעם חולה פערשרייבען א רעצעפט. דער עיקר אבער העלפען אפט דעם חולה דווקא די היגיענישע עצות ווי ער זאל זיך אויפפיהרען, ווי ער זאל לעבען, ווי פיעל צייט ער זאל ארבייטען, וואס אונ ווען ער זאל עסען — אונ דאס גלייכען. דער יודישער קראנקער האט זיך אבער גאר אנדערע מחשבות: „דיעטע — שמעטע" דארף ער טאקי אויף צעהן כפרות, דער עיקר איז ביי איהם אז ער נעהמט דעם רעצעפט, למשל, א לעפעל אלע 3-שעה, אט דאס וועט שוין געווים העלפען. דעריבער דארף מען זעהען, אז יעדער יוד דארף האבען א ריכטיגע מיינונג פון געזונדהייט אונ קראנקהייט, ער זאל פערשטעהען, ווי נייטיג עס איז אפצוהיטען זיך פון קראנקהייטען, דאס הייסט, ער דארף פערשטעהען די גרויסע נוטצליכקייט פון היגיעניע.

ווי באלד ער וועט נאר האבען א שטיקעל בעגריף פון היגיעניע, וועט ער שוין ניט קוקען ווי א האהן אין בני־אדם אויף דעם דאקטערס עצות.

ער וועט שוין פערשטעהען, ווי וויכטיג זענען דווקא די היגיענישע עצות. היגיענישע עצות קאסטען אפט זעהר ביליג, אונ דער יוד מוז זיך איינמאהל געוויינען הויך צו שעטצען אלץ וואס איז נוטצליך, אפילו ווען דאס קאסט ווייניג געלד.

בעזונדערס אבער איז זעהר וויכטיג די היגיענישע־וויסענשאפט פאר אייך, פרויען. די היגיעניע פון הויז אונ די היגיעניע פון קינדער זענען זעהר נוטצליך אונ קענען טאקי זעהר פיעל פערהיטען דעם שוואכען יודישען געזונד.

איבער די דאזיגע וויסענשאפט, וועלען מיר מיט אייך טאקי שפרעכען פון צייט צו צייט אין דער „פרויען־וועלט".

ד"ר י. מלבים.

---

# די פרויען־וועלט.

## I.

## אלגעמיינע נייעס.

(פרויען־ארבייט). די אדמיניסטראציע פון דער „פרויען־הילפס־קאסע" אין ווארשא, האט בדעה צו דערלאנגען א בקשה, מען זאל איהר ערלויבען צו מאכען אין ווארשא א מארק צו פערקויפען אלערליי האנד־ארבייט פון די מיטגלידער פון דעם פעראיין אונ די הכנסה זאל געהערען צום פאנד פון דער קאסע.

(בילדונגס שולען פאר שניידערינען אונ פוטצענמאכערען). נישט לאנג איז געוועזען איין אסיפה ביי די מיטגלידער פון דער חברה „פרויען־

---

משוגעים, אדער דא מוז ליגען עפים א פערבארגענע זאך, וואס מע מוז דאס געוואהרע ווערען, עס זאל זיך איבערקעהרען אפילו די גאנצע וועלט!

אונ יאמפעלי האט גענומען גראבען, זוכען, נישטערען, נאכקוקען, שמעקען — עס האט נישט געהאלפען קיין שמע ישראל — מע ווייסט ניט! ביז גאט האט רחמנות געהאט אין עטליכע טאג ארום איז צוגעפאהרען צו דער זעלבער אכסניה צוויי בוידען. פון איין בויד איז ארויסגעקראכען א הויכער יוד א גראבער מיט א שענער בארד מיט א גרויסער גאלדענער קעט איבערען גאנצען זשילעט, ווייזט אוים א יוד א נגיד, אונ תיכף נאך איהם א הויכע יודינע מיט א דרייגארענדיגען נוידער מיט א האלז פעריל אונ מיט א פארוק אויפ'ן קאפ. אונ פון דער אנדערער בויד איז ארויסגעקראכען א קליין יודיל א שווארץ מיט שווארצע געגרייזעלטע האר, א ביסעל א סאטולאוואטע, מיט איין אויסגעבויגענער נאז אונ מיט אנידעריגע ראיה אונ נאך איהם א יודינע א קליינטשקע, א ווייסע, מיט קלייען אויפ'ן פנים מיט א זיידען טיכעל אויפ'ן קאפ אונ מיט א פארטוך.

ביידע פארליך זענען געוועזען עפים ווי צערודערט, צווישען זיך ווי ברוגז, נישט גערעדט איינס מיט דאס אנדערע. רב אלי באֶרד איז זיי ארויסגעקומען אקעגען, אהן א קאפאטע, ווי געוויינטליך מיט א ברוך הבא אונ מיט א שלום־עליכם.

— פון וואנען קומט מען אן?

— פון מאזעפעווקע — מאכט צו איהם דער גראבער וואס מיט דער גאלדענער קייט — ביי אייך האט זיך גיט אפגעשטעלט מיט עטליכע טעג צוריק א בחור מיט ווייסע האר?

אונ תיכף נאכ'ן גראבען יודען רופט זיך אן דאס קליינע שווארצע יודיל:

— ביי אייך האט זיך ניט אפגעשטעלט מיט עטליכע טעג צוריק א מיידיל מיט שווארצע געגרייזעלטע האר?

— וואס איז דענן? — מאכט רב אלי — וואס געהערען זיי זיך אן מיט אייך?

— דאס איז מיין זוהן — מאכט דער גראבער.

— דאס איז מיין טאכטער — מאכט דער שווארצער.

— ווען איז געוועזען די חתונה? — רופען זיך אן ביידע ווייבער מיט אמאל צו רב אלין.

— וואסער חתונה? — מאכט רב אלי פערוואונדערט.

— נאך נישט געוועזען די חתונה? רופען זיך אן ביידע ווייבער נאך מעהר פערוואונדערט.

— פרעגט מיך בחרם — זאגט רב אלי — איך ווייס גאר ניט צו ס'איז בעדארף זיין א חתונה.

אלע אנגעקומענע פארשוינען האבען זיך איבער געקוקט צווישען זיך אונ א פרעג געטהון:

— אבער זיי זענען דא ביי אייך? ווייזט וואו שטעהען זיי?

— קומט מאכט צו זיי רב אלי אונ איז זיך ממש מחיה, וואס אצינד וועט ער שוין געוואהרע ווערען, ווער דאס איז. אונ די גאנצע חאליאסטרע לאזען זיך געהן אלץ איבער דעם איינגענעם בלאטיגען

ארבייט" אין ווארשא. אויף דער אספה האט מען געקלערט וועגען א שולע גרינדונג פאר שניידערינען און פוצמאכערען און עס בעשלאסען געווארען, אז מען זאל גרינדען אזא שולע. לעהר־געלד זאל מען נישט נעהמען מעהר ווי 1 רובל 50 קאפ. א חדש, פון א שילערין. דער קאמיטעט פון דער חברה האט פערלאנגט אז די בעלי־הבתים פון די מאדנע־מאגאזינען זאלען בעצאהלען פאר זייערע שילערינען און הער הערזע, וואס איז אויך ביי דער אספה געוועזען, האט צו געזאגט צו צאהלען פאר 15 שילערינען.

(א שולע פאר קארעספאנדענטקעס). די חברה „פאר פרויען־פראפעסיאנסבילדונג" אין פעטערבורג, וועלכע וויל העלפען די יונגע מיידלעך, וואס האבען געענדיגט א מיטעל־שולע און זוכען בע־שעפטיגונג, פיהרט איין קורסען אום אויסצובילדען קארעספאנדענטינען פאר אויסלענדישע בריעף, הויפטזעכליך אין דייטשער, פראנצויזישער און ענגלישער שפראך.

(א חיל פון פרויען). אין סיראקוז, א שטאדט נישט ווייט פון נוי־יארק, האט זיך נישט לאנג אויסגעבילדעט א נייער באטאליאן שוטץ־חיל. דאס חיל בעשטעהט נאר פון פרויען וואס האבען נאך נישט חתונה געהאט, וועלכע זענען אלט פון 16 ביז 30 יאהר.

דאס חיל האט נישט לאנג דורכגעמאשירט איין מיליטער מארש דורך די אלעען און הויפט גאסען פון שטאדט. דאס חיל קליידעט זיך זעהר קאקעטיש: זיי טראגען קורצע בלויע אונטער רעק, קארסאזשען מיט קופערנע קנעפ, גארטלעך און שטיבלעטען. זייערע קעפקעס (סאלדאטען־היטלעך) שטעהט זיי שלעכט אויפ'ן קאפ איבער זייערע לאנגע האהר.

די פרוי וואס קאמאנדירט דעם דאזיגען באטאליאן האט בעקאנט געמאכט, אז זי וועט בשום אופ'ן נישט צו לאזען קיין פערהייראטע פרויען אין איהר באטאליאן, ווייל די מענער וועלען זייערע פרויען שטערען אין דיענסט און זיי וועלען נישט קענען טריי דיענען דער מדינה.

---

II.

# יודישע נייעס.

(לשון קודש פאר פרויען). די חברה „בנות ציון" אין בעלגראד (קורסקער גובערניע) האבען געגרינדעט א שולע אין וועלכע עס לערנען מעהר פון פינפציג מיידלעך. אין דער דאזיגער שולע ווערט געלערנט א חוץ אנדערע וויסענשאפטען, אויך צוויי שעה אין טאג לשון־קודש.

— (א שולע פאר היטערינס ביי קראנקע). פאר צוויי יאהרען האט זיך אין פרעסבורג (עסטרייך־אונגארן) געגרינדעט א שולע צו לערנען יודישע מיידלעך ארום געהן ארום קראנקע. איניגע מיידלעך האבען נישט לאנג די שולע געענדיגט און די גרעסטע דאקטורים פון שטאדט האבען זיי עקזאמינירט און ארויסגעגעבען דיפלאמען אז זיי פערשטעהען גוט זייער פאך.

— (א יודישע לעהרערין). די אינספעקציאן פון די אדעסער פאלקס־שולען האט געשיקט קיין פעטערסבורג א יודישע פרוי מ. ווייסמאר, א לעהרערין אין דער אדעסער יודישער רעגירונגס־שולע פאר מעדכען, אויף די לעהרקורסען, וואס איז נישט לאנג אין פעטערסבורג געגרינדעט געווארען; אין די קורסען ווערען געלערנט צווישען אנדערע זאכען, אויך קונסט ארבייט אויף האנד־ארבייט, און קליידער נעהען.

(אבענד־קורסען). די פרוי ר. ל. האוקין, וועלכע האלט אין וויטעבסק א צוויי קלאסענדיגע יודישעם מעדכען־שולע האט בעקומען ערלויבניס צו עפענען ביי איהר שולע אבענד־קורסען.

דער צוועק פון די אבענד־קורסען איז צו געבען איין עלעמענטאר ביל־דונג די יודישע יונגלעך, וועלכע האבען נישט די מעגליכקייט זיך צו לערנען ביי טאג. די קורסען וועלען אויסגעהאלטען ווערען פון דעם וואס די עלטערען אדער קרובים פון די יונגלעך וועלען צאהלען. דאס געצאהלט וועט נישט זיין מעהר ווי 35 רובל אין דעם ערשטען קלאס און 40 אין דעם צווייטען. דאס לערנען אין די אבענד־קורסען וועט זיין פון 4 ביז 7 נאך מיטאג. לערנען וועט מען דארט דאס אייגענע, וואס מען לערענט אין א יודישעם צוויי־קלאסענדיגע פאלקס־שולע.

---

הויף מיט די בעל־עגלהשע פערד, מיט דער אייגענער קעך, מיט דער אייגענער יודינע, מיט דער אייגענער פאמעניצע מיט די אייגענע קישקעליך פון די אויסגעמאכטע עופות, ביז מע איז צוגעגאנגען צו דער „זאל".

צוגעגאנגען צו דער זאל, האט רב אלי פאוואלינקע א קלאפ געטהון אין טיר:

— עפענט! עפענט אויף זייט מוחל.

מע ענטפערט נישט. רב אלי קלאפט שטארקער.

— זייט זשע מוחל, עפענט אויף!

סע שטיל. רב אלי קלאפט נאך שטארקער.

— עפענט! עפענט! געסט זיינען צו אייך געקומען! אייערע פאטער און מוטער פון דער היים זענען געקומען. אט שטעהען זיי אט דא ביי דער טיר. ענטפערט, פאר וואס ענטפערט איהר נית? אזוי? זענען זיי גאר פון מאזעפעווקע הייסט דאס? האסט דו געהערט א מעשה?

— זיי קעהרען שלאפען — מאכט רב אלי ווי צו זיך אליין — זיי שלאפען תמיד בייטאג, גאנצע טעג שלאפען זיי, און קומט ביי נאכט, געהען זיי אויפ'ן שפאציר. איך האב גאר נית געוואוסט, אז זיי זענען מאזעפעווקער, איך האב געמיינט זיי זענען פון קעשעניוו. נו, עפענט! עפענט! פאר וואס רופט איהר זיך נית אפ? אביסעל א שלאף אויף זיי! איהר לעבט, צו איהר זענט אויסגעשטארבען? נו, עפענט! עפענט!... וואס הייסט דאס? וואס זאל דאס בעדייטען? מע בעדארף געהן זיי עפענען א פענסטער, וועלען זיי זיך פון דער שיין אויפכאפען.

און רב אלי איז אוועק דורכען הויף צוריק אויף דער גאס עפענען א פענסטער און די געסט זענען געבליבען שטעהן פון דער זייט טיר. פלוצים הערט זיך א געשריי:

— גוואלד! יודישע קינדער! קומט אהער! איין אומגליק! גיכערט! גיכערט!

די געסט און די גאנצע אכסניה און די גאנצע גאס און דער גאנצער מארק איז זיך צענויפגעלאפען אויף דעם דאזיגען געשריי, איטליכער ווער ס'איז צוגעלאפען צום פענסטער און א קוק געטהון אין זאל אריין איז אפגעשפרונגען צוריק מיט א מורא, מיט אזא שרעק, גלייך ווי מע וואלט דערזעהען פאר זיך דעם מלאך־המות. ס'איז גע־ווארען א ליארם, דאס גאנצע שטעדטעל האט זיך צענויפגעלאפען. עס איז געקומען פאליציע. דער דאקטאר מיט'ן פעלדשער און גלאט כריסטען, מען האט אויסגעבראכען די טיר און מען האט געטראפען דאס פאר ארומגענומען, איינגעפלאכטען זיך מיט די הענט. זי איז געלעגען אויפ'ן בעט מיט'ן קאפ אראפגעהאנגען, די האר צעווארפען, די אויגען אפען, שען ווי א פרינצעסין, דאס מויל עטוואס אפען, ווי מיט א שמייכעל אויף די טוידטע ליפען, און ער דעם קאפ בעהאלטען ביי איהר אויפ'ן הארצען, ווי א מענש וואס שלאפט, גאר די אראפגעהאנגענע פערגליווערטע פיס האט בעוויזען אז ער איז טוידט... זיי זיינען ביידע געוועזען קאלט ווי אייז... אויפ'ן טיש איז געשטאנען א פלעשיל און א גלעזיל נית איינגאנצען אויסגעטרונקען, און קיין שום בריעף האט מען נישט געפונען אין ערגיץ, קיין שום שטיקעל פאפיר, קיין דריי ווערטער נישט אפילו. ווי פיל מע האט נישט געזוכט, ווי פיל מע האט נישט איבערגעקעהרט די שטוב אין אלע ווינקעליך.

(פארטזעטצונג קומט).

(נִיְעָקְרָאלָאג). אִין אַדֶעסַא אִיז נִישְׁט לַאנְג גֶעשְׁטָארְבֶּען אַ פְרוֹי מ. ע. סאקֶער, דִי פֶּערְשְׁטָארְבֶּענֶע הָאט גֶענוּמֶען אַ טְהֵייל אִין אַלֶע אַדֶעסֶער יוּדִישֶׁע צְדָקוֹת. מֶעהר פוּן אַלֶץ הָאט זִי גֶעזָארְגְט פַאר דִי אָרִימֶע יוּדִישֶׁע קִינְדֶער זֵיי זָאלֶען הָאבֶּען וואו צוּ לֶערְנֶען בִּילְדוּנְג.

אִיהר הָאט אַדֶעסַא צוּ פֶערְדַאנְקֶען דִי גְרִינְדוּנְג פוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער אַדֶעסֶער יוּדִישֶׁע פְרוֹיֶען־שׁוּלֶע פַאר מְלָאכוֹת.

(דֶער נִצָּחוֹן פוּן פְרוֹיֶען־אַרְבַּייט). דָאס טְהֵיי גֶעשֶׁעפְט, פוּן הֶערְר וִויסָאצְקִי אוּנ זַיינֶע שׁוּתְּפִים אִין אַדֶעסַא הָאט בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען פְרוֹיֶען אַנְשְׁטַאט מַאנְסְבִּיל מִיט דֶער טְהֵיי פֶּערְפַּאקוּנְג. מִיט דֶער אַרְבַּייט בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ אֵיינִיגֶע הוּנְדֶערְט פֶּערְשׁוֹין. דִי אַדְמִינִיסְטְרַאצִיֶע פוּן דֶעם גֶעשֶׁעפְט הָאט זִיךְ מִתְחַיֵיב גֶעוֶוען חֲתוּנָה צוּ מַאכֶען אַלֶע אַרְבַּייטֶערִין, וֶועלְכֶע זֶענֶען קָרוֹב צוּ 20 יָאהר. בִּיז הַיינְט הָאט מֶען שׁוֹין צוּ גֶענוּמֶען 60 מֵיידְלֶעךְ אוּנ בִּיסְלֶעךְ וַוייז וֶועט מֶען צוּ נֶעהמֶען בִּיז 500 מֵיידְלֶעךְ.

דִי פְרוֹיֶען־אַרְבַּייט קוּמְט אַ סַךְ רֵיינֶער אוּנ זוֹיבֶּערֶער אַרוֹיס וִוי בַּיי דִי מַאנְסְבִּיל.

---

# אַ מַאמֶע.

(אַ בִּילְד).

(פָארְטְזֶעטְצוּנְג).

זִי אִיז צוּ צוּם קוֹימֶען, עֶפִּיס גֶעזוּכְט, אוּנ בַּאלְד אִיז דָאס קְלֵיינֶע שְׁטִיבֶּעל פוּן אַ קְלֵיין־פַאר־רוֹיכֶערְטֶען לֶעמְפֶּעל בֶּעלוֹיכְטֶען גֶעוָוארֶען.

דֶער שְׁוַואכֶער שַׁיין הָאט נוּר בֶּעלוֹיכְטֶען דָאס אָרְט אַרוּם דֶער קִיךְ, וואו טוֹיבֶּה אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ דָארְטֶען צְוֵויי הֶעלְצְלִיךְ אוּנְטֶער־גֶעהֵייצְט. בֶּעלוֹיכְטֶען אֵיין אַלְט־פֶערְשְׁטוֹיבְּטֶע מַאשִׁין וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען נֶעבֶּען אַ בֶּעט (אַ סִימָן פוּן אַ גֶעוֶועזֶענֶעם שְׁנַיידֶער), אוּנ אַ הַאלְבּ בֶּעט וָואס אִיז קֶעגֶען אִיבֶּער דֶעם לֶעמְפֶּעל גֶעשְׁטַאנֶען. אוֹיף דֶעם בֶּעט אִיז גֶעוֶוען אוֹיס גֶעשְׁפְּרֵייט שְׁטְרוֹיה אוֹיף וֶועלְכֶען עֶס זֶענֶען גֶעלֶעגֶען פֶּערְשִׁיעדֶענֶע אוֹיבְס, דָאס אִיבְּרִיגֶע טְהֵייל שְׁטִיבֶּעל מִיט דִי בֶּעטֶען זֶענֶען פֶּערְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם שַׁאטֶען.

עֶרְשְׁט אַנְדֶערְטְהַאלְבֶּען יָאהר וִוי אִיהר מַאן לֵייזֶער שְׁנַיידֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. נָאךְ בַּיי זַיין לֶעבֶּען, צוּם סוֹף וֶוען דֶער הוּסְט הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אוּנ עֶר הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער מְפַרְנֵס זַיין. הָאט זִיךְ טוֹיבֶּה אַוֶועקְגֶעלָאזְט עֶפִּיס צוּ פֶערְדִינֶען, אוּנ וָואס מֶעהר דִי קְרֶענְק הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט, הָאט זִי גֶעמוּזְט מֶעהר הָארֶעוֶוען. אוּנ אַז זִי אִיז גֶעוָוארֶען אַ אַלְמָנָה, אִיז זִי שׁוֹין גֶעוָואהנְט גֶעוֶוען צוּ אַרְבֵּייטֶען פַאר'ן גַאנְצֶען הוֹיז־גֶעזִינְד.

דָאס עֶלְסְטֶע יוּנְגֶעל יִצְחָקְ'ל הָאט גֶעהַאט אַ גוּט קֶעפֶּעל, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אֵיינְצִיגֶער טְרֵייסְט, אִין לֵייזֶער שְׁנַיידֶערְס פִינְסְטֶערֶען לֶעבֶּען. אוּנ לִיגֶענְדִיג אוֹיף דֶעם טוֹיטֶען בֶּעט הָאט עֶר זִיךְ גֶעטְרֵייסְט: עֶר לָאזְט חָאטְשׁ אִיבֶּער אַ גוּטֶען קַדִּישׁ.

וֶוען לֵייזֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאבֶּען דִי בַּעֲלֵי־בָּתִּים רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוֹיף דֶער וִויסְטֶער אַלְמָנָה, צוּ זַאמֶען־גֶעמַאכְט אַ פָּאר רוּבְּל אַז זִי זָאל זִיךְ הָאבֶּען מִיט וָואס צוּ הַאנְדְלֶען; אוּנ זֶעהֶענְדִיג אַז יִצְחָקְ'ל הָאט אַ גוּטֶען קָאפּ הָאבֶּען זֵיי אִיהם אַרַיין־גֶעגֶעבֶּען אִין בֵּית־הַמֶּדְרָשׁ, גֶעשַׁאפְט אִיהם טֶעג אִין אַלֶע רַייכֶע הַייזֶער, אוּנ אַוֶועק־גֶעגֶעבֶּען לֶערְנֶען אִין בֵּית־הַמֶּדְרָשׁ.

טוֹיבֶּה זֶעהֶענְדִיג אַז אִיהר יִצְחָקְ'ל עֶסְט בַּיי דִי נְגִידִים הָאט עֶס אִיהר אִין הַארְצֶען הֲנָאָה גֶעטְהוּן. גֶעבִּיךְ אַ שְׁוַואךְ קִינְד, וָואס קֶען זִי אִיהם גֶעבֶּען עֶסֶען? דָארְט בַּיי נְגִידִים הָאט עֶר פוּן אַלֶעס בֶּעסְטֶען. דָאךְ אָבֶּער אִין דֶער שְׁטִיל הָאט זִי דֶערְפוּן עֲגְמַת־נֶפֶשׁ גֶעהַאט, מִיט דֶעם וָואס יִצְחָקְ'ל עֶסְט אִין פְרֶעמְדֶע רַייכֶע הַייזֶער, זִי הָאט אַלֵיין נִיט גֶעווּאוּסְט אוֹיבּ מֶען הָאט אִיהר מִיט דֶעם אַ טוֹבָה גֶעטְהוּן אָדֶער אַ רָעָה.

אֵיינְמָאל אַזוֹי זִיצֶענְדִיג פַאר אִיהר „שְׁטֶעל" זֶעהט זִי וִוי אִיהר יִצְחָקְ'ל גֶעהט אַרוֹיס פוּן דֶעם שׁוּל־גֶעסֶעל מִיט דֶעם תְּפִילִין־זֶעקִיל אוּנְטֶער דֶעם אָרוּם אוּנ גֵעהט גְלַייךְ אִין זוּנְדֶעלְ'ס דֶעם גְבִירְ'ס הוֹיז אַרַיין פְרִישְׁטִיק עֶסֶען, הָאט עֶס אִיהר אִין הַארְץ גֶעשְׁטָאכֶען. גוּט, אִיז זִי דֶענְסְטְמָאל נָאךְ גֶעוֶוען מִיט יֶענְטֶה'ן, וַוייל בַּאלְד נָאךְ דֶעם מַאנְ'ס טוֹידְט הָאבֶּען אַלֶע אוֹיף אִיהר רַחֲמָנוּת גֶעהַאט הָאט זִי צוּ אִיהר גֶעזָאגְט:

— גְלוֹיבְּט מִיר יֶענְטֶה, אִיךְ וֵויים אַלֵיין נִישְׁט. זֶעהט וָואס הָאבּ אִיךְ, דַאכְט זִיךְ, פְּרָאטֶענְזִיֶעס צוּ דִי בַּעֲלֵי־בָּתִּים. זֵיי הָאבֶּען דָאךְ גוּטְס גֶעטְהוּן מִיט מִיר, אוּנ מִיט מַיין קִינְד, גֶעשַׁאפְט אִיהם עֶסֶען בַּיי רַייכֶע עֶרְטֶער, בֶּעהַאנְדֶעלְט אִיהם, זָאג אִיךְ אַייךְ, נִישְׁט וִוי עֶר וָואלְט זַיין אַ מַארְק יוּדֶענֶעס אַ קִינְד, נוּר וִוי אַ גְבִירְ'ס, דָאךְ יֶעדֶעס מָאל וֶוען אִיךְ גֶעבּ דִי קִינְדֶער מִיטָאג, פֶערְגֶעס אִיךְ אוּנ שְׁטֶעל אַ נִיעדֶער אַ טֶעלֶער פַאר מַיין יִצְחָקְ'ל אוֹיךְ, אוּנ אַז אִיךְ דֶער מָאן מִיךְ אַז עֶר עֶסְט נִישְׁט בַּיי מִיר, וֵויין אִיךְ פָּשׁוּט וִוי אַ קְלֵיין קִינְד.

— גֵעהט, אִיהר זַייט אַ נַארִישֶׁע יוּדֶענֶע, עֶנְטְפֶערְט אִיהר יֶענְטֶה אָבּ, וָואס דֶען בַּיי אַייךְ וָואלְט עֶר אַ לַייט גֶעוָוארֶען, וָואס קֶען גֶעבִּיךְ אַיין אָרִימַאן אַ קִינְד גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען? מִישְׁטֵיינְס גֶעזָאגְט!

— אִיהר זַייט גֶערֶעכְט, יֶענְטֶה, זָאגְט טוֹיבֶּה, אָבֶּער דָאךְ וֶוען אִיךְ צוּ טְהֵייל דָאס מִיטָאג, שְׁנַייט מִיר אִין הַארְץ.

אוּנ אִיצְט זִיצֶענְדִיג בַּיי דֶער קִיךְ, אָבְּקָאכֶען עֶסֶען פַאר דִי קִינְדֶער הָאט דִי יוּדֶענֶע דָאס זֶעלְבֶּע גֶעקְלֶערְט, עֶפִּיס הָאט זִיךְ אִיהר גֶעדַאכְט אַז מֶען רוּפְט בַּיי אִיהר יִצְחָקְ'לֶען אַוֶועק.

וֶוען דִי קִינְדֶער הָאבֶּען אָבְּגֶעגֶעסֶען אוּנ זִיךְ גֶעלֶעגְט שְׁלָאפֶען, הָאט זִי דָאס לֶעמְפִּיל אוֹיף דֶעם טִישׁ אַנִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנ גֶענוּמֶען פַאר רֶעכְטֶען אַ הֶעמְד פַאר יִצְחָקְ'לֶען.

בַּאלְד הָאט זִיךְ דִי טְהִיר אוֹיפְגֶעעֶפֶנֶעט, אוּנ יִצְחָקְ'ל אִיז אַרַיינְ־גֶעקוּמֶען.

יִצְחָקְ'ל אִיז אַ יוּנְגֶעל פוּן אַ יָאהר 14, הוֹיךְ אוּנ דַאר, אֵיין וַוייס פָּנִים וָואס שַׁיינְט בְּרוֹגְזְ'דִיג אַרוֹיס פוּן דֶעם שְׁוַוארְצֶען קַאפָּאטְקֶעלֶע מִיט דֶעם שְׁוַוארְצֶען הִיטֶעל.

— גוּטֶען אָוֶוענְד, הָאט עֶר שְׁטִיל גֶעזָאגְט.

דִי מוּטֶער הָאט אִיהם אָבְּגֶעטְרֶעטֶען אִיהר אָרְט. אִין הַארְץ הָאט זִי גֶעפִיהלְט אַז זִי דַארְף פַאר אִיהר קִינְד דֶרֶךְ־אֶרֶץ הָאבֶּען, נִישְׁט וִויסֶענְדִיג אַלֵיין פַאר וָואס. אוּנ בַּאלְד הָאט זִיךְ אִיהר גֶעדַאכְט אַז זִי מִיט אִיהר אָרִימְקַייט זֶענֶען פַאר אִיהר יִצְחָקְ'ל אַיין אוּמְגְלִיק.

עֶר הָאט זִיךְ אַ נִידֶער גֶעזֶעצְט אוּנ אַרוֹיס גֶענוּמֶען פוּן דֶעם סְפָרִים־שַׁאפְקֶעלֶע אַ סֵפֶר אוּנ אַרַיינְגֶעקוּקְט.

דִי מוּטֶער הָאט אַרוֹיס גֶעדְרֶעהט דָאס קְנוֹיטֶעל פוּן לֶעמְפֶּעל, אוֹיסְגֶעווִישְׁט מִיט דֶעם פַארְטוּךְ דָאס גְלֶעזֶעל אוּנ דָאס לֶעמְפֶּעל צוּ אִיהם נֶעהֶענְטֶער צוּ גֶערוּקְט.

— וועסט טרינקען א גלאז טהיי, יצחק'ל? פרעגט איהם די מוטער אין דער שטיל, וועלענדיג איהר קינד מיט עפּעס דינגען.

ניין, איך האב ערשט געטרונקען.

אפשר אן עפּעלע?

ער האט געשוויגען.

די מוטער האט ריין געמאכט א טעלעריל, ארויפגעלעגט א פּאר עפּעליך מיט א מעסער און א נידער געשטעלט אויף דעם טיש נעבען איהם.

ער האט זיך בנעימות'דיג ווי א גרויסער אב געשיילט איין עפּעל, הויך א ברכה געמאכט און געגעסען.

ווען יצחק'ל האט געגעסען דאס עפּעלע האט טויבּע זיך צו איהם מעהר מאמע'דיגער געפיהלט און האט זיך גענעהנטער צו גערוקט צו איהם.

און אבשיילענדיג בנעימות'דיג דאס צווייטע עפּעלע האט ער נאך ליעבליכער גערעדט:

— איך האב היינט מיט דעם דיין געשמועסט וועגען דער נסיעה, דא אין היגען בית־המדרש איז גאר נישט דא וואס צו טהון, נישט דא ביי וועמען צו לערנען, און וואו צו לערנען. ער האט מיר איין עצה געגעבען נאך נ... אין דער ישיבה צו פאהרען. ער וועט מיר מיט געבען בריעף צו ר' חיים דעם ראש הישיבה, ער זאל מיך מקרב זיין.

טויבּע הערענדיג אז איהר יצחק'ל וויל זי איבער לאזען, איז זי שטארק דערשראקען געווארען, נאר די ווערטער „דיין", „ראש הישיבה", „מקרב זיין" — די הויכע לשון קודש ווערטער האבען זי בערוהיגט. יצחק'ל האלט זיך מיט איהר איין עצה, מיט איהר טויבּע די מארק־יודענע.

— מילא אז דער דיין הייסט, האט זי אבגעענטפערט מיט א פרומע מינע.

— יא, זאגט ווייטער יצחק'ל, דארט לערענט מען „שעור" מיט אלע מפרשים, ר' חיים דער מחבר פון „אור תורה" איז א למדן מופלג, דארט קען מען אויס וואקסען א לייט.

די ווערטער האבען זי אין גאנצען בערוהי'גט, זי האט זיך גע־פיהלט עפּיס גליקליך, עפּיס דערהויבט, דאס איז איהר קינד — זי איז די מאמע פון אזא קינד, און ווען נישט זי וואלט דאך יצחק'ל נישט געוועזען... נאר דאס הארץ האט איהר געריסען און זי איז טרויעריג געווארען...

דער נאך האט זי זיך דערמאנט אן איהר מאן און איז ארויס מיט א געוויין:

— וואלט ער חאטש געלעבט, וואלט ער חאטש דאס נחת דערלעבט, האט זי געזיפצעט.

יצחק'ל האט אין ספר אריין געקוקט.

דאס וואס יצחק'ל קלויבט זיך אוועק פאהרען, האט זי די נאכט נישט געקענט שלאפען, דאס הארץ האט איהר געריסען.

צו מארגענס האט זי זיך שפּעט אויפגעחאפּט, יצחק'ל איז שוין נישט געוועזען. זי האט אויף גיך די קינדער אבגעפערטיגט און גע־איילט זיך אין מארק אריין. און זיטצענדיג ביי איהר שטעל האט זי זיך פערקלעהרט און עס האט זיך איהר אויסגעוויזען אז זי זיצט ביי איהר זוהן, ער איז רב אין א גרויסע שטאדט. אט זיצט ער אנגעטהון אין שיך און זאקען, א גרויס שטריימעל אויף דעם קאפּ און האלט א גראב ספר אין דער האנד און קוקט אריין, זי זיצט ביי זיין רעכטער זייט און שטריקט א זאק. די טהיר עפענט זיך, עס קומט אריין יענטע מיט א טעלעריל אין דער האנד פרעגען איהר זוהן א שאלה.

א קונה האט זי אויפגעוועקט פון איהרע זיסע געדאנקען.

(פארטזעטצונג קומט).

**שלום אש.**

---

# מיין ווייבס מציאות.

---

און מיין ווייבעל ליעבט צו שפּארען;
און זי איז א בראנד א בריה:
זי אין מארק איז שווער צו נארען —
וואס זי קויפט איז א מציאה.

און דאס צימער איז פערווארפען:
שלייערס, היט פון כל המינים,
גלאזווארג, צאצקעס, בענדער, שמאטעס —
רק זי קויפט בחצי חנם.

„וועהסטו, בערעל — זאגט זי פריילעך,
ווייטער איינגעשפּארט אביסעל:
פאר א האלבען פרייז געקריגען
האב איך אט דאס מארמאר-טישעל!

איך בין נישט ווי אלע ווייבער —
ווייל דו ארבייטסט שווער פון יאהרען,
אקער איך די גאנצע שטאדט אויס
און איך וועה דיר צו פערשפּארען".

און זי געהט אלץ אין די קראמען,
און זי הערט נישט אויף צו קויפען,
און זי שפּארט, און שפּארט און שפּארט אלץ
אויף דעם זעלבען אלטען אופ'ן:

א מציאה ביי דעם שניידער,
א מציאה ביי דעם שוסטער;
און מיין קעשענע דערווייליע
ווערט פון די מציאות פוסטער!

א, מיין ווייבעל! האב רחמנות,
קויף דאך מעהר נישט וואלוועל זאכען,
האנדעל איין א מאל א יקרות
אפשר וועל איך בעסער מאכען?

דאך מיין ווייבעל זאגט, אז שפּארען
קען מען נור פון גוטע קניות,
און זי נארט אלץ אפּ די קרעמער
און זי שלעפּט אהיים מציאות.

נ"יו־יארק. **יוסף יפה.**

---

# א מאליגע פרויען.

וויע האבען געלעבט דער כלל מענשען גאר אין די פארצייטיגע דורות, אין אנהויב פון דער מענשליכער געשיכטע און וויא האבען דאמאלס געלעבט די פרויען?

גאר די ערשטע מענשען האבען געלעבט אין די גרויסע וועלדער, און זייערע נאהרונג איז בעשטאנען מערסטענטהיילס פון פרוכטען. דער מענש האט מעהר נישט בעדארפט, ווי אויסשטרעקען זיין האנד און אראבברייסען פון בוים דאס, וואס ער ברויכט צום עסען. אין די ערטער, וואו דער מענש האט אמאל געלעבט, איז געוועןווארעם. אין יענע צייטען, ווען דער מענש האט גאר וואס אנגעהויבען, ווי מען זאגט „קליגער צו ווערען" האט ער נאך קיין השגה נישט געהאט וועגען דעם געזעץ פון „מיינע־דיינע": וואס איינער האט געפונען, דאס האט ער גענומען און דאס איז געוועזען זיינע. איז געקומען איין אנדערער און האט דאס פון איהם מיט געוואלד ארויסגעחאפט, האט דאס געהערט דעם אנדערען. עס איז געוועזען א הפקר־וועלט... צו זארגען פאר שפעטער, האט נאך דער מענש קיין שכל נישט געהאט. נאר בשעת מעשה ווען דער הונגער האט איהם געצוואונגען, האט זיך דער מענש געזוכט מיטלען ווי צו בעקומען דאס, וואס ער האט בעדארפט.

דער פארצייטיגער מענש איז נישט געווען צוגעבונדען צו איין ארט, צו איין סדר אין לעבען. אז די מענשען האבען זיך פערמעהרט אין איין ארט, האבען זיי געמוזט געהן ווייטער זוכען א ניי ארט. אז דעם מענשען איז אויסגעקומען זיך צו בעווארענען געגען די ווילדע חיות אדער דער הונגער האט איהם געצוואונגען צו געהן פאנגען א חיה — דענסטמאל האט ערשט דער מענש פערשטאנען, ווי שלעכט עס איז צו לעבען אליין: דאס ערשטע, וואס דער מענש האט געפיהלט, באלד ווי ער איז אראב פון בוים איז געוועזען זיך צו בעגעגענען מיט נאך מענשען, ווייל ער האט געזעהען, אז איינער אליין וועט ער נית קענען בעשטעהן אין דער געוואלטיגער מלחמה פאר זיין קיום. ביסליכווייז האט ער זיך צוגעוואהנט צו האלטען זיך צוזאמען מיט די, וועלכע זענען גלייך צו איהם, די מענשען פלעגען נישט אום געהן איינציגווייז, נאר גאנצע משפחות צוזאמען.

די פרויען ווידער האבען געפיהרט א לעבען פאר זיך, זיי זענען אויך ארומגעגאנגען צוזאמען און געפיהרט א מלחמה פאר זייער קיום. די קינדער, וואס זיי האבען געבוירען, זענען די ערשטע יאהרען געוועזען נעבען זייערע מוטערס. ווען זיי זענען אונטערגעוואכסען און האבען די מאמעס הילף מעהר נישט בעדארפט, פלעגען זיי אפט אוועקלאזען זייערע מוטערס און צושפרייטען זיך איבער'ן וואלד זוכען פאר זיך אליין עסען. עס פערשטעהט זיך, אז ביי אזא מין נע־ונד זיין האט קיין שום פאמיליען לעבען נישט געקענט זיין. די מאנסבילען האבען געלעבט פאר זיך, חברות־ווייז, טהיילמאלס זענען זיי זיך צונויף געקומען מיט די ווייבערשע חברות, אבער באלד זענען זיי זיך צוגאנגען. פאר די קינדער האבען נאר די פרויען געזארגט.

דאס זארגען פאר'ן צווייטען האט זיך ענטוויקעלט צוערשט ביי דער פרוי, ווייל איהר איז אויסגעקומען צו היטען און צו שפייזען די קליינע קינדער.

די פרויען אליין אהן שום הילף פון די מאנסבילען פלעגען פארטרייבען די ווילדע חיות, וועלכע פלעגען אנפאלען אויף זיי אדער אויף זייערע קינדער. אין די גרויסע וועלדער האבען די פרויען געגראבען פאר זיך היילען אין דער ערד, ווען עס איז זיי אויסגעקומען צו בעהאלטען זיך מיט די קינדער. —

די פרוי האט מלחמה געהאלטען פאר איהר קיום, מיט א שטיין, מיט א שטיק האלץ, מיט א גרויסען ביין פון א חיה און נאך א זעלכע מיני כלי־זיין.

די אמאליגע פרוי איז געווען זייער שטארק — זי האט געהאט כח איינע אליין, מיט די אמאליגע כלי־זיין מלחמה צו האלטען מיט א בער, מיט א וואלף און נאך אנדערע ווילדע חיות. די פרויען למשל פון די רויטע ווילדע אמעריקאנער, וועלכע מען בעגעגענט נאך עד־היום, האבען בכח צו לייפען 20 — 10 ווארסט אין דיא וועלדער געשווינדער פון א פערד, זיי קענען אויך זעהר גוט שווימען און ליגען א צייט אונטער'ן וואסער, זיי קענען אויך חאפען פיש מיט די הענד.

די מאנסבילען, וועלכע פלעגען בלייבען אין דער פרויען געזעלשאפט, האבען געמוזט טהון אלעס, וואס די פרויען האבען געהייסען, זיי זענען געווען ביי זיי — פשוט'ע ארבייטער.

דער שטארק ענטוויקעלטער כח פון דער אמאליגער פרוי, איהר לעבען אלס מוטער, דאס, וואס זי האט אליין פערהיט זיך מיט קינדער פון אלע סכנות, וואס זי האט מלחמה געהאלטען פאר דעם קיום פון דער גאנצער געזעלשאפט — דאס האט די פרוי געמאכט אין יענע צייטען פאר דעם גאנצען תקיף אין דער געזעלשאפט.

ביי די קאפערען (א פאלק אין אפריקא) פיהרט, למשל, יעדע פרוי איינע אליין די גאנצע בעלי־בתישקייט. ביי די נארמאנער פלעגען ווייבער געהען מיט כלי־זיין און האבען געהאט אסך מאנסבילען פאר קנעכט.

אין זאמבער (אוסטראליען) ביי דעם פאלק באלאידא, איז א מנהג, אז דער חתן מוז אריבער געהען וואהנען צו דער כלה, און נאר דאס ווייב האט דאס רעכט אבגעט'ן דעם מאן, און די קינדער געהערען צו איהר. דער מאן טאר זיך מיט קיינעם נישט וועטען אהן דער ווייבס הסכמה.

די מענער זענען דארט שוין צו דער לאנגע געוואהנט, חאטש זיי ליידען פון זייערע ווייבער גאנץ שטארק.

פאר צייטען האט די קעניגען אין מצרים געהאט א גרעסערע דעה פאר איהר מאן, דעם קעניג; מיט יעדען חתן פלעגט דארטען זיין אבגעמאכט, אז ער איז מחויב צו פאלגען אלץ וואס זיין ווייב וועט איהם הייסען; די טעכטער האבען בעדארפט שטיצען זייערע עלטערען, די שוועסטער פלעגען העלפען זייערע ברידער. די אלע מנהגים זענען אריבער בירושה פון דער גאר אלטער צייט, ווען די פרוי איז געווען שטארקער פאר דעם מאן און זי אלס מוטער האט דיא גאנצע ממשלה געהאט.

אין אנהויב האט נאר די עלטסטע פרוי אין דער משפחה זיך גערופען מוטער. די איבעריגע ווייבער און מאנסבילען האבען זיך גערופען ברידער און שוועסטער. נאר אז די משפחות האבען זיך פארגרעסערט האט מען די צוגעקומענע אין דער משפחה גערופען קרובים.

די מוטער איז געוועזען די הערשערין און בעל־הבית'טע איבער אלע מענשען פון דער משפחה. אז די מוטער איז געשטארבען, פלעגט איהר עלטערע שוועסטער ווערען די מוטער פון דער משפחה. אין די גאר אלטע צייטען פלעגען חתונה האבען אפילו לייבליכע ברידער מיט שוועסטער; שפעטער אבער האט מען ביסליך ווייז פערבאטען שוועסטער מיט ברידער און איבערהויפט מיט נאהענטע קרובים, חתונה צו האבען.

(ענדע קומט).

ש. בעלענקי.

## פאר די מוטערס.

### ווי אזוי אבצוהיטען קינדער פון אנשטעקענדע קראנקהייטען.

איינע פון די שרעקליכסטע קראנקהייטען זענען פאקען. די קראנקהייט האט געהערשט נאך פאר טויזענדער יאהרען אין מצרים, אין אינדיען און אין חינא.

נאך אין די אוראלטער צייטען האבען מענשען געפרובט צו פערהיטען זיך פון דער שרעקליכער קראנקהייט. זעהר וויכטיג איז געוועזען דאס, וואס מען האט בעמערקט, אז דער וואס האט שוין א מאל געפאקט, דער ווערד שוין נאכדעם געשאנט פון דער קראנקהייט. אזוי האבען זיך ענטוויקעלט פערשיעדענע מיטלען פאקען צו שטעלען. אינדיאנער האבען געשלונגען די בלאטערען פון די פאקען. חינעזער האבען געלעגט קינדער אין די נאז אריין וואטע, וואס איז איינגעטונקט געווארען אין מאטעריע פון פאקען, אדער זיי האבען די קינדער אריינגעבלאזען אין דער נאז פראשעק פון די בלאטערען פון פאקען; אנדערע האבען די קינדער בעדעקט מיט א העמד פון קראנקע אויף פאקען, אדער אדורכגעצויגען דורך דער הויט זיידענע פעדעם, וואס זענען איינגעטונקט געווארען אין מאטעריע פון פאקען.

צו שטעלען פאקען האט מען אנגעהויבען אין אינדיען: אין דער הויט האט מען געמאכט 15—10 איינשניטען וועלכע מען האט דערנאך בעדעקט מיט א טיכעל, וואס איז איינגעטונקען געווארען אין הייליג וואסער און אין מאטעריע פון מענשען, וואס מען האט זיי פריהער פאקען צו געשטעלט. פון אינדיען איז דאס איבערגעגאנגען קיין קאנסטאנטינאפאל און פון דארט קיין ענגלאנד. נישט לאנג האט געדויערט ביז מען האט אומעטום אנגעהויבען פאקען צו צושטעלען.

אין ווארשא האט מען דאס ערשטע מאל צו געשטעלט פאקען אין 1769-טען יאהר. אין קורצען האט מען אומעטום אנגעהויבען צו צושטעלען פאקען נאך דער שיטה פון עדוארד יענער *)

עדוארד יענער האט בעמערקט, אז די פרויען, וואס מעלקען קיה, ווערען נישט קראנק אויף פאקען, אפילו ווען די קראנקהייט הערשט. דערנאך האט זיך דערוויזען, אז קיה האבען אויף די אייטערן קרעץ, וואס זענען עהנליך צו פאקען, און אויב מען זעצט די קרעץ אויף א מענש, ווערד ער שוין אויף פאקען נישט קראנק. נאך לאנגע חקירות, האט יענער פערעפענטליך אין יאהר 1797 א ארטיקעל וועגען זיין נייע שיטה. די אקאדעמיע האט אין אנפאנג זיין שיטה ניט אנגענומען, דערנאך אבער האט די גאנצע וועלט אנערקענט, אז דער ארט פאקען־זעצען, וואס יענער האט געוויזען, איז דער בעסטער.

פאקען זענען זעהר אנשטעקענט: נישט נור פון דעם בעריהרען, אבער אויך פון דער לופט ביי דעם קראנקען, ווערד די קראנקהייט איבערגעטראגען צו א אנדערן. דאס "אויסבריהען" פון דער קראנקהייט דויערט פון אכט ביז פירצעהן טעג. יעדער, אפילו א אלטער, איז אויך פעהיג קראנק צו ווערן אויף פאקען.

דאס בעסטע מיטעל געגען דער קראנקהייט איז צו צושטעלען פאקען. פון די, וואס האבען נישט קיין צוגעשטעלטע פאקען שטארבען אויף דער קראנקהייט 50-30 פראצענט, פון די וואס האבען איינמאל זיך געלאזט פאקען צושטעלען שטארבען 14-9 פראצענט, פון די וואס האבען צוויי מאל זיך געלאזט צושטעלען פאקען — 7-2 פראצענט.

קליינע קינדער קען מען צושטעלען פאקען, ווען זיי זענען שוין אלט זעקס וואכען. ווען די קראנקהייט הערשט ברויך מען נישט צו קוקען אויף דער צייט פון יאהר; געוועהנליך איז אמבעסטען צו צושטעלען פאקען אם הערבסט, אדער פריהלינג, נישט דאמאלס, ווען עס זענען גרויסע היצען; דערנאך ברויך מען זיך צו לאזען פאקען צו צושטעלען אלע צעהן יאהר און אמווענינגסטען דריי מאל אין לעבען.

אויב עס ווערד אין הויז עמיץ קראנק אויף פאקען, ברויכען זיך אלע הויזלייט צו לאזען באלד פאקען צושטעלען, חאטש זיי האבען נישט לאנג פריהער זיך פאקען געזעצט, דעם קראנקען ברויך מען צו האלטען בעזונדער. די געזונטע קינדער פון הויז טארען דריי וואכען נישט געהן אין שולע און מיט דעם קראנקען מעגען קינדער צוזאמען קומען ערשט דאמאלס, ווען די פאקען פאלען אראב און ער האט זיך געבאדען און דעזינפעקטירט.

ד"ר. ב.

*) עדוארד יענער איז געבוירען געווארען אין ענגלאנד אין יאהר 1749 און געשטארבען אין 1823־טען יאהר.

## פאר די בעל־הבית'טעס.

### ניטצליכע מיטעל.

צו וואס קען מען קאכ־זאלץ בענוצען? אז מען צולאזט קאכזאלץ אין שפיריטוס אדער אין סאלמיאק נעמט עס ארויס פלעקען פון מלבושים. אז מען וויל אויסקיהלען א גלעזערן אדער ערדערן כלי, ברויך מען עס צו שטעלען אין זאלץ־וואסער. זאלץ צולאזט אין עסיג, רייניגט גוט מעשענע כלים. אז מען וואשט שווארצע טוך אין זאלץ־וואסער, פערליערט עס נישט דעם קאליער און ווערט נישט איינגעשרומפען. פלעקען פון טינט און זיאווער, קענען ארויסגענומען ווערן מיט זאלץ צולאזט אין ציטרין זאפט, מען ברויכט נאר דאס מלבוש מיט דעם פלעק צו לעגען אויף דער זון אויסצוטריקענען. דיוואנעס רייניגען זיך גוט מיט א טוך, וואס איז גענעצט אין זאלץ־וואסער.

ווי צו היילען א ביס פון א ביהן. צום ערשטען דארף מען וויסען, אז מען מוז באלד ארויסציהען די גיפט; דערנאך רייבט מען יעדע שעה איין מיט א צעשניטענע ציבעלע. מען קען אויך צולעגען דינע שטיקליך ציבעלע.

Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau.